ל. קוויטקאָ

# צען מײַסעס

צייכענונגען פונעם קינסטלער

אלעקסאנדער קאַראַטקין






פארלאג „עמעס“, מאָסקווע 1937



## אז איכ וועל אויסוואקסנ!

יענע, יענע לאָשעקעס,
מיט די פײַכטע אויגנ,
מיט די העלדזער גלאנציקע
קײַלעכדיק געבויגנ.

יענע, יענע לאָשעקעס,
מיט די שטארקע צײנער,
בא די הויכע קאָרעטעס
אינ די שטאלנ רײנע.

יענע, יענע לאָשעקעס,
מיט די אײדלע גלידער,
שטעלט זיכ נאָר א פליג אפ זײ —
טוט די הויט א ציטער.

יענע, יענע לאָשעקעס,
מיט די פּיסלעך גרינגע,
ווען די שטאַל מע עפנט זיי,
לויפן זיי און שפּרינגען.

שפּרינגען און צעלויפן זיך
אַז די ערד זיך טרייסלט, —
יענע, יענע לאָשעקעס —
קאָן איך ניט פאַרגעסן:

קאָן איך ניט פאַרגעסן גאָר
ווי מע בייגט דעם רוקן —
ווען דער קאַניוך קומט אַריין,
נעמט מען אים באַקוקן.

יענע, יענע קאַניוכעס,
וועלכע ריידן צערטלעך
מיט די לייכטע לאָשעקעס,
מיט די הייסע פערדלעך.

יענע, יענע קאַניוכעס.
מיט די וואָנסעס האַרטע,
מיט די לייבלעך וואַרעמע,
מיט די קורצע פאַרטעכס.

יענע, יענע קאָניוכעס,
וואָס זיך פירן פרײַע, —
צווישן קעפּ און קאָפּעטעס,
בא די פערד ווי פּײַער.

האָבן גאָר קיין מוירע ניט
צווישן זיי זיך רוקן!
יענע, יענע קאָניוכעס —
האָב איך ליב מעסוקן!

אך, אז איך וועל אויסוואקסן,
לאנגע הויזן טראָגן,
קום איך צו די קאָניוכעס
און איך וועל זיי זאָגן:

„פינעף קינדער זײַנען מיר
שוועסטערלעך און ברידער.
איינע איז א פליערן,
צווייטער שרײַבט שוין לידער.

דריטע איז א וועבערן,
נאָך אין שול דער פערטער,
איך, דער סאמע פינעפטער, —
איך וויל זײַן בא פערדלעך!"

„אזא יאַט א פרײלעכער —
ווו ביסטו געוואַקסן?
מיט אזעלכע מוסקולן,
מיט אזעלכע אַקסל!

אינעם קוק דערקענ איכ דיכ:
ביסט פונ פּיאָנעריע!
נעם זשע זיכ א פערד בא אונדז
אונ פאָר אינ קאַוואַלעריע!"

שפרינג איכ אפנ פערד אונ פלי,
פליִענ סאָסנעס, קליאָנעס,
קומ איכ אָפּ אונ שפרינג אראָפּ:
„מארשאַל בודיאָני!

אויב אפ גוט מע לערנט זיכ,
אונ אפ אויסגעצייכנט,
איז אינ קאַוואַלעריע
קאָנ מענ זײַנ פארעכנט?"

מארשאַל דרייט א וואָנסע זיכ,
טוט צו מיר א שמייכל:
„וואַקס נאָכ צו א קאַפּעלע,
וועסטו זײַנ פארעכנט!"

„וואַרטן? ווידער וואַרטעניש?"
„זאָג נאָר, קענסט דען שיסן?
און צום זאָטל־סטרעמעניע
גרייכסטו מיטן פיסל?"

פּלוצים גיך איך אַהיים צוריק,
וואַקס איך גיך און לערן,
בא בודיאָנין וויל איך זײַן —
א בודיאָנער ווערן!





## בערטשיק

ס'איז אַן עמעסע געשיכטע,
און דערציילן איז קעדײַ, —
ווער עס וויל נאָר — בלײַבט זי הערן,
ווער עס וויל ניט — דער איז פרײַ.

ס'האָט מיט מיר אַליין געטראָפן,
מיט מײַן בערטשיק. יאָ, מיט אים.
זאָל אַזוינס שוין מער ניט טרעפן
ניט מיט אײַך און ניט מיט מיר!

ווען איך האָב אים נאָר דערזען,
האָב געגעבן זיך דאָס וואָרט:
— דער מוז מײַנער זײַן אויף אייביק, —
דער מוז אויסוואַקסן אַ באָרט!

און געשענקט אים אָט א נאָמען:
בערטשיק, בערטשיק — שענסטער הונט!
כאָטש א דארער: הויט און ביינער;
נאָר ווי שיין און קלוג, געזונט.

כ'לויף אהיים — „אוי, מאמע, עסן!"
מיש צונויף דאָס גאנץ געקעכץ!
כ'האָב קיין צײַט ניט — אך, זאָלסט וויסן,
וואָס כ'האָב הײַנט געפאקט א רעכטס!

כ'האָב פארנארט צו מיר א הינטל
מיט די ריפּטלעך ברויט מיט שמאלץ, —
האָסט אזאמינס ניט געזען:
דאָס עסט צוקער, דאָס עסט זאלץ!

ס'האָט אזוינע דינע פיסלעך,
דינע־דינ, מיט זײַדנ־האָר.
ס'מאכט זיך פאר א גאנצנ גרויסנ,
כאָטש אינגאנצנ אלט א יאָר!

שאמע־שער, דער אלטער שנײַדער,
זאָגט, ער קען א יאַם מיט הינט,
נאָר אזא מינ הונט, א כאָכעם,
זאָגט, ער זעט ער נאָר אצינד!

הערשל זאָגט: „ס׳א שפּירער־שפּיצל״,
באנקע זאָגט: „ס׳א פּראָסטער דאָג״, —
אייסעב־וויסעב, — רייץ איך אָן אים, —
זאָלט איר זען, ער טוט א יאָג!

הײַנט זײַן עקל מיט די פּראָנדזונ
ווען ער פּאָכט מיט דעם אזוי —
גייט א ווינט, א ווינט א קילער,
אזש אפ דר׳ערד צעקערט די שטרוי.

אויגן, פינקטלעך ווי זײַן מאמעס,
נאָר דאָס פּיסקל — גלאנציק־גרינ,
און די ציינ, ווײַזט אויס, געפּוצטע,
און דאָס צינגל — רויט און דינ.

ער האָט פײַנט, אז מע צערייצט אים,
אז מע פירט זיך מיט אים הארט, —
וויפל כ׳האָב זיך אָנגעמאטערט,
ביזקל איך האָב אים פארנארט!

כ׳האָב אים שוין געלערנט זאכנ:
„ליינ א בריוו״ — טוט ער א ניס!
ווענ איך זאָג אים: „שטעל זיך, בערטשיק!״
שטעלט ער באלד זיך אפ צוויי פיס!

גיב מיר,-מאמע, פלייש א שטיקל,
נאָך א שטיקל, ס׳מאכט ניט אויס!
גיב א פּלעצל, גיב א הערינג,
ר׳האָט א מויל אזוי די גרויס!

און ער איז בּא אונדז געבּליבּן,
עסן האָט ער: ביינער, בּראָק.—
בּערטשיק ווערט אַלץ גרעסער, פולער,
ווי די זון מיט יעדן טאָג.

אין די נעכט אליין אין דרויסן
היט דעם הויף אַף אַלע פיר:
יאָגט די קעץ און יאָגט כאזיירים,
פּילדערט, שרײַט, צערײַסט זיך שיר.

נאָר סע בּלאָזן זיך די שכיינים:
„נו, א הונט! אזא מין נאכט!"
נאָר איך וויס, ווען ניט מײַן בּערטשיק,
וואָלט מען אַלצדינג אומגעבּראכט!

נאָר איך וויס, ווען ניט מײַן בּערטשיק,
וואָלטן לאנג שוין ניט געווען
סײַ די גענדז און סײַ די הינער,
סײַ א שטיינדל אַף א שטיין!

ווײַל ס'איז דאָ גענוג נאָך סאָנים,
און די קינדער זײַנען קליין,
אָבער בערטשיק קען די סאָנים,
ווייסט, ווער פאַלש איז און געמיין!

אָט, אשטייגער, ווען א כאָפּטע —
די, וואָס גאַנווענען די פערד,
איז אַרײַן צו אונדז אין קאַמער, —
אויסגעוואַקסן ווי פון דר'ערד,

און צעשלעפּט דאָס היי, די סיטשקע,
און פאַלאָווע זאַק נאָך זאַק,
גוט, וואָס ניט דערזען די קלײַנע,
ניט געפּאַקט די נײַע האַק.

און אין שטוב — מע הערט ניט גאָרניט,
מ'איז אין טיפן שלאָף פאַרשטאַרט, —
כאָטש מײַן בערטשיק רײַסט זיך, פײַערט: —
גראָד איז ער אין שטוב פאַרשפּאַרט.

ביז ער — טראַכ! — צעבּרעכט א טעפּל,
כאַפּט זיך באַלד די מאַמע אויף,
שמיצט אים גלײַך אַרויס אין דרויסן,
ווערט אין דרויסן א געלויף.

א געלויף און א גערודער.
סיטשקע שיט זיך, ס'ברעכט א ברעט;
שרייַט די מאמע: „אוי, גאנאָווים!"
פליט דער טאטע באלד פון בעט

און מיר, קינדער, נאָכן טאטן, —
פארן טאטן — בערטשיק לויפט,
און מיר שרייַען: „גוואלד, גאנאָווים!
רא־טע-וו־ע־ע-ט!"

ערשט דערנאָכדעם האָבן אלע
גלייַך געזען, ווער בערטשיק איז:
מ'האָט אים אָנגעהויבן קעכלען
גלעטן, שמייכלען צו אים זיס...

און ער ווערט מייַן ליבסטער כאווער
און דער בעסטער פרייַנט אין שטוב:
העלפט מיר זינגען, העלפט מארשירן,
ווארט מיך שאָען־לאנג באם קלוב.

גייט דער זומער, פריילעך גייט ער,
נאָכן זומער גייט דער הארבסט.
פעלד איז הויל, נאָר שטעקנס שטייען,
קאָנסט זיך שניצן, וואָס דו דארפסט.

גראָב קאַנאַלן, מאַך קורינִיעס,
כאַפּ אַ יאַשטשערקע באַם עק. —
בערטשיק ווייסט, כ׳האָב ליב איזשאַקעס,
ליפּט ער אום און שמעקט און שמעקט.

ציט דער האַרבסט אַרײַן אין ווינטער.
ווינטער, ווינטער! גליטש און שניי.
קלאָר און מונטער אַלע קינדער,
נאָר איך איינער ניט מיט זיי.

ווײַל וואָס מיר האָט זיך געטראָפן,
האָט זיך קיינעם ניט — איך שווער.
אַז דעם אייג׳נעם בערטשיק מײַנעם
זאָל פאַרניכטן, און נאָך ווער? —

איך אַליין! נאָר וואַרט, פּאַמעלעך, —
ס׳שטייט אין דרויסן אונדזער הויף,
ווו זאָל ווינטערן מײַן בערטשיק?
איך? — איך זאָג: „אָפּן אויוון אַרויף!"

שפּרינגט ער אָפּן אויוון, בערטשיק,
ס׳אַרט עס אים? ס׳איז הימלעך, בײַ;
באַקט מען קנישעס? — זאָל מען באַקן!
וויל ער פּלעצל? — באַלד דערבײַ!

נאָר דער טאַטע שרײַט: „אינדרויסן! —
א הונט דאַרף היטן, זײַן אין הויף!“
און די מאַמע לאַכט: „נו, יאָ!
מ׳האָט אָפּגעדרייט פון פלויט א שרויף“.

הערט מײַן הינטל ווי מע זידלט,
שטרעקט דעם קאָפּ אויס, זאָגט קיין וואָרט, —
מיטאַמאָל — א שפּרונג פון אויוון,
און אין דרויסן — לייגט זיך דאָרט.

נעמט דערווײַל דער ווינטער שפּילן
אָפּן רעכטן, גראָבן באַס,
שטעלט דעם טײַך אָפּ, שנייט ביז דעכער,
כאַפּט די נעזער, פרירט די פּאַס.

איינמאָל, כ׳שנײַד א וועג צום ברונעם,
כ׳שרײַב אַזוי אָפּ שניי א בריוו,
בערטשיק שטופּט דעם קאָפּ אין שנייען,
שפּרינגט און פּאָרקעט זיך טיף־טיף...

גייט אַדורך מיט גלאָז א קעסטל
אונדזער גלעזער אַרקע זוס,
גאַנוועט שטיל זיך אונטער בערטשיק,
כאַפּט אים אָן באַם לינקן פוס.

אַך, אַז אַרקע מאַכט אַ ליאַרעם:
„אײַ-אײַ! אַ מעשוגענער הונט!"
סע ווערט אַ גוואַלד, און איך, איך טײַנע:
„ניין, אוי, ניין, דער הונט איז ג'זונט!"

כ'טרײַב אים: „בערטשיק, ס'אַ סאַקאָנע!
אַוועק, אַנטלויף, נו, הונט דו, — העט!"
נאָר איך זע און ווער דערשראָקן:
כ'זע, ער הערט ניט וואָס איך רעד.

ס'וואַרפט מיט אים, ער שטרעקט די צונג אויס,
רוקט זיך ווידער טאָן אַ ביס,
האָט פעטער זוס מיט זײַן שטיוואָליע
אים אָט אַזוי געטאָן אַ ריס!

איז אַ פליִ געטאָן האָט בערטשיק,
שרעקלעך זיך צעוויינט, צעבילט,
נאָכן אײַגענעם עק פאַרדרייט זיך,
ווי אַ וויכער, גיך, געשווינד.

„אַך, אַ שאָד אַזאַ מין הינטל —
זאָגט דער שנײַדער שאַמע־שער, —
שווער דעם הונט דער ערשטער ווינטער,
האָט ניט אויסגעהאַלטן, בער".

וואָס, ס׳איז גרינג דעם הונט דאָס לעבן,
קעלט איז גרויס און קאָפּ איז קליין,
באָרוועס גייט ער, דרויסן שטייט ער,
נו, און ס׳פּעלכל איז געמיין...

האָבן יינגלעך אויסגעשריגן:
„בערטשיק מעשוגע! מעשוגע — יאָ!"
„מע דאַרף אים טויטן!" — שרייַט דער גלעזער —
„כעוורע, שטעקנס! הייַדאַ! — האָ!"

און מיר לאָזן זיך נאָך בערטשיק,
איך, — איך אויכעט מיט אַ פּרענט.
כ׳שרייַ, איך וויין און לויף נאָך אַלע,
ווי צעפּאַטשט, אין קלעם פאַרקלעמט!

כ׳וויל, ער זאָל שוין גיכער שטאַרבן,
כ׳קאָן ניט זען, ווי כעווערלייַט
שטעקנס וואַרפן אים און טרעפן,
ס׳רינט אים בלוט פון מויל, פון זייַט.

כ׳וויל ער זאָל שוין גיכער שטאַרבן,
ר׳לויפט אין פעלד, מיר לויפן נאָך, —
... דאָס פעלד האָט רו דעם הונט געגעבן
און צעבליט מיט וווייץ דערנאָך.

און נאָכנ בליִענ גייט דאָס שנײַדנ,
נאָכנ אָנהייב גייט דער סאָפ!
נאָכדעמ זייט מענ, שנײַדט מענ ווידער,
שלאָפ זשע, פרײַנט, מיט זיסנ שלאָפ!





## עזרע און דער בוהײַ

עזרע, עזרע, וווּ איז עזרע?
ס׳רײַסט דער בוהײַ זיך פון שטאַל:
קום אַרויסעט פאַרן טויער,
מיטן בײַטשל טו אַ קנאַל!

אָפּגעריסן זיך דער בוהײַ,
זיך פון הויף געטאָן אַ לאָז,
רעווע-וואַ! — דער רינג פון אײַזן
באַמבלט זיך אין פּײַכטער נאָז.

שפּאַנט דער בוהײַ, שפּאַנט פּאַמעלעך,
טוט אַ רעוו אַרײַן אין טאָל. —
ענטפערט גאָר דער באַרג, דער וואַלד גאָר —
מיט אַ היכצ, אַ ווידערקאָל.

רעווע הילכט אינ טעפּ, אינ פּעסלעכ,
רעווע טרייסלט מיטנ הויפ.
שפּילט דאָס קליינוואַרג, שפּילט אינ דרויסנ,
וואַרפט די שפּילנ אונ אנטלויפט!

הינטער ווענטלעכ, אונטער דעכלעכ,
הינטער קאמערנ געשטעלט,
שטופּנ קינדער זיכ בא שפּארעס,
זעג, ווי בוהײַ שפּאנט אפ וועלט!

שטופּנ קינדער זיכ בא שפּארעס
אונ סע טוט זיי האַרציק וויי:
אלע שפּילעכלעכ געבליבנ,
דאָרט, אפ העפקער שטייענ זיי.

ביידע הינטלעכ אײַנגעשפּאנטע,
איצט צערײַסנ זיי דעמ שפּאנ! —
שפּרינגענ אפ דער מיל, הינטלאַקעס!
אונ צעדרייענ דעמ באַשטאַנ!

אוי, די ציג פרעסט אופ די דעכלעכ,
יענע, געלע, פונ קאַבאַק,
זעט, די קעצלעכ איינס דאָס צווייטע
אפּנ פּאַרקנ — באַכ! קנאַק!

לויפֿן קעלבלעך, לויפֿן אויפֿעס
אין די הויפֿן גיך אַרײַן,
טיו־טיו־טיו — די קעפּ זיי שטרעקן,
אין דעם רעוו מע הערט זיך אײַן.

שפּאַנט דער בוהײַ גאַנץ פּאַמעלעך, —
הייבט די פֿיס און שטעלט אַוועק,
פֿאָרנט פּאָכעט אום דער גוידער,
הינטן וויגט זיך אום זײַן עק.

און די הערנער שטאָלץ און מעכטיק,
יעדער גליד, א זינג, א טראָפּ:
טראָגט די זון צעווישן הערנער,
טראָגט די זון זיך אפֿן קאָפּ!

זון א רויטע באַם פֿאַרגייען,
זיצט אפֿ בוהײַ און זי קוועלט,
גיסט איר רויטקייט אפֿ זײַן רוקן,
און פֿון אים אפֿ האַלבער וועלט!

* * *

אינעם סטעפּ בא אַלמאַ־אַטאַ,
האָט געקויפֿט אים דער קאָלווירט.
אין וואַגאָן, פֿאַר אים באַזונדער,
האָט מען אים אַהער געפֿירט.

ווער האָט אים געוואָלט באַלייטן
אינעם לאַנגן, ווײַטן פּאָר?
נאָר דער עזרע, אונדזער עזרע, —
לעבן זאָל ער לאַנגע יאָר!

גאָר אַ קורצינקער איז עזרע,
גאָר זײַן רויטע באָרד איז לאַנג.
אונטער בוזהײַס בויך גייט דורעכן,
צו פֿאַרשפּאָרן זיך אַ גאַנג.

ווען ער דאַרף דעם בוזהײַ וואַשן,
און צום רוקן ניט דערגרייכט,
שטעלט ער צו צו אים אַ לייטער,
און ער וואַשט — אַז יענער קרעכצט.

שרײַען שנעקלעך: „עזרע, עזרע,
זאָג דעם בוזהײַ עפּעס-וואָס!“
ער האָט אָנגעשטעלט די הערנער,
ווי אַ בלאָזזאַק בלאָזט די נאָז.

וואָס איז ער אַרויס אין דרויסן,
איז דער הויף, די שטאַל אים ענג?
קאָן דאָך דעכלעך אונטערהייבן,
שפּאַרן ווענט אַף ברייט און לענג!

„און ווער טראָגט אים אונטער עסן ?״
„עסט ער פון א צעבער דען ?״
„און ווער קען אים נעמען מעלקן ?״
„ווער א בוהײַ מעלקן קען ?״

און דער בוהײַ שפאַנט אפ עזרען,
הייבט אים אוף באלד, זעצט אין דר׳ערד, —
אָט צעטראָגט ער אים אף שטיקלעך:
זיבן עזרעס, צוואנציק בערד!

ווייסעך וואָס! אנטקעגן בוהײַ
שטייט זיך עזרע אף זײַן אָרט.
שטעלט זיך אָפּ פאר אים דער בוהײַ,
בייגט דעם קאָפּ אָן פאר זײַן באָרד.

גלעט די באָרד זיך אונדזער עזרע:
„קונדעס, דו, וואָס מאכסטו שטיק ?״
און דער בוהײַ מרוקעט שולדיק,
לאָזט זיך נעמען אפן שטריק!





## סאניטארן

כ'קאָן איַך ניט זאָגן
געווים —
צי עמעס, צי ניין,
צי פונקט אזוי איז געשען.
נאָר די מעַסע איז פריילעך.
ווי מע דערציילט זי —
אזוי דערצייל איך.

אין איינעם א שטעטל
איז געוואקסן א יונג,
מיט אויגן ווי ליסקעס,
מיט אזעלכע פיסקעס,
מיט אזא מין שלונג!

ווער ביכער? וואָס ביכער?
אבי נאָר ווארעניקעס גיכער!
און פּאָמפּעשקעס אין אייל,
און ווארנעטשקעס פון מעל. —
א שיסל נאָך א שיסל,
נאָכדעם נאָך א ביסל.

איידער ער שלינגט נאָך אראָפּ,
ווינקט ער שוין צום טאָפּ:
„טאָפּ, טאָפּ, — נאָך עפּעס דאָ?" —
און ער קערט אים איבער, —
האָפּ!

אָט אזוי פרעסן און נאשן, —
ווער וואשן? וואָס וואשן? —
אָט אזוי: שטרודל און פלאָדן, —
ווער באָדן? וואָס באָדן?

ווער וואסער? וואָס זייף? —
די קויטיקייט נעמט אים ארום, ווי א רייף.

דארף זיך דאָרט טרעפן —
עס טוט זיך די טיר אן עפן,
און עס שטעלט זיך אריין,

אין א כאלאט פון לײַן,
אזוי הויכ און דאר:
דער סאניטאר!

און הינטער אים: צוויי מענער, —
איינער פון צווייטן ניט קלענער.

און עס זאָגט סאניטאר
ניט ווייניקער, ניט מער:
„אָט-אָ דער!"
און ווײַזט אפן יונג.

ווי דער יונג האָט דאָס דערהערט,
האָט זיכ באלד איין אויג צעטרערט,
און דער ווארעניק —
ניט אהין, ניט אהער,
איז געבליבן שטעקן אין שלונג...

און ס'טוט דער סאניטאר
א זינג אפגיכ:
„זעט, ס'ארא מיסט ער פארפירט ארום זיכ!
אזא יונג,
אזא שלונג,
אזא מין,
אזעלכער,
אזוינס און נאָכ מער!

נעמט אים אהער!
שלעפּט אים אין וואנע,
און לאָזט אפּ אים אָפּ די קראנען!״

די צוויי מענער,
וואָס איינער פון צווייטן ניט קלענער,
האָבן א הייב געטאָן הענט,
זיך אָנגעבלאָזן, ווי בערן,
גענומען זיך רוקן בא ווענט:
געמיינט דער יונג וועט זיך ווערן. —

ווייסעך וואָס! —
ער האָט נאָר א צי געטאָן מיט דער נאָז
זיך פארטײַעט:
און גאנץ רויִק דעם ווארעניק דערקײַעט...

דערווײַל האָבן די צוויי מענער,
וואָס איינער פון צווייטן ניט קלענער,
גענומען אים אויסטאָן
און די האָר אים צעקעמען.
ווער האָר? וואָס האָר? —
שטריקלעך און דרעטלעך — און גאָר!
פון ערשטן קעמל — שיטן זיך אויס די ציינדלעך,
דאָס צווייטע קעמל צעברעכט זיך אפּ ביינדלעך,

וויל מען שוין ברענגען דעם קאָם פון די פערד, —
האָט זיך פלוצעם דערהערט
א מוירעדיק ניסן! —

פריִער די מענער,
וואָס איינער פון צווייטן ניט קלענער,
און באלד אליין דער סאניטאר:
א ניס און א ניס, דאָס מויל אים צעשפארט!
„העפשר, גיכער נעמט אים בא — גיסן!
העפשר, אָר, הערט אוף צו ני-יי-סן!
העפשר, ווארפט אים אין וואנע...
מיט די זאָקן ווארפט אים...
עפנט אוף, העפשר, די קראנען!"...

האָבן די קראנען געגומען שפארן
אין יונג, אפן יונג, און אים צעפארעט. —
האָט ער זיך א נעם געטאָן וואשן מיט הארץ,
איז נאָך אים דאָס וואסער געוואָרן שווארץ.
האָט מען דאָס שווארצע אויסגעגאָסן
און פרישע וואסער ארײַנגעלאָזן.
האָט ער מיט זייף זיך אזוי און אזוי —
איז נאָך אים דאָס וואסער געבליבן גרוי,
האָט מען דאָס גרויע אויסגעגאָסן
און פרישע וואסער ארײַנגעלאָזן.

האָט ער זיך ווידער געוואשן, געבויטעט, —
איז ער ארויס ריין און דאָס וואסער לויטער!
אז מע האָט אים פון וואנע ארויסגעבראכט —
האָט ער זיך פאר נאכעס צעלאכט.
ער האָט זיך אליין ניט דערקענט, —
זיך געזעצט אפ א באנק
און אויסגעשטרעקט דעם סאניטאר די הענט:
„א דאנק!"
דערנאָך צו די מענער,
וואָס איינער פון צווייטן ניט קלענער,
א צי געטאָן פויל:
„איצט
גלוסט זיך
עפעס נעמען
אין מויל!"





## אין סעדער

עפּל פּעפּינקעס און פלוימען,
און די שווערע בארן בער!
בעטן ביימער: „ליבע קינדער,
נעמט אראָפּ א קאָפּ, ס'איז שווער".

לאָזט זיך כעוורע לאנג ניט בעטן,
לאנג ניט בעטן — צוליב וואָס? —
אפ דער ערד איז אָנגעשאָטן,
פול מיט פרוכטן אפן גראָז.

פריִער פילט מען אָן די קוישן,
גלייַך פון ביימער, — ניט פון שאָט.
פולע קוישן, פולע קוישן
פאר די ארבעטער פון שטאָט.

נאָכדעמ עסט מענ זיס און זאפטיק,
זאפט און זיסקייַט — האָניק־ווייַנ,
ווענ אינ מויל שוינ קאָנ ניט קריכנ —
קריכט אינ קעשענע אריַנ.

פולע קעשענעס געפּאקטע,
קוימ צו רירנ זיכ מיט זיי, —
און עס גלוסטנ נאָכ די אויגנ,
נאָר די בייַכלעכ טוענ וויי!

מוז מענ אָפּרוענ א ביסל,
און א לייג זיכ אפנ גראָז —
קוקט אראָפּ א באק פונ עפּל,
און פונ פלוימ א בלויע נאָז.

און א בינטל שווארצע ווייַנשל,
אפנ לעצטנ צווייַג, אָנ דאָרט, —
אכ, זיי לאָזנ דאָכ ניט רוענ;
און א כאפּ זיכ פונעמ אָרט.

קריכנ, ווארפנ, טרייסלענ, רייַסנ,
פלאטער־פליטער, בלעטער־בלאט!
און געפּאקט שוינ, און באקומענ,
און א לייג זיכ ווידער מאט.

אונ ארײַנגעשטעקט די צײַנדלעכ,
אונ געהאלטנ לאנג אזוי, —
עפל, בארנ, ווײַנשל, פלוימענ,
אַכ, ווי גוט איר זײַט, אוי, אוי!

„ווער פארזייט די פרוכט אפ ביימער?"
„ווער גיסט אָנ אינ זיי דעמ זאפט?"
שטעלט זיכ איינער אופ אונ ענטפערט:
„ווייסט איר דענ ניט, ווער דאָס שאפט?"

„גוטע גערטנער, גוט געניטע,
גוטע גערטנערס, פרײַע מי, —
פירנ אָנ מיט בוימ אונ זאפטנ,
היטנ אָפ פונ פראָסט אונ גלי.

זיי באשטעלנ עס די פארבנ,
שטעלנ אָפ די גרייס, די קליינ,
אונ באקליידנ אונ באצירנ
אלע פרוכטנ איידל, שיינ.

דעמ־אָ עפל מאכנ ווײַניק,
אונ — אָט יענעמ — האָניק־זיס,
אָט די בארנ עטוואָס טערפקע,
יענע קאשיק, אזש צעפליסט.

דאָ א נאָפּעלע א שפּיציקס,
דאָרט א בעקעלע א ראָז.
דאָ א קעפּעלע א שווארציבקס,
דאָרט א געלבלעכ-לאנגע נאָז.

ביז עס קומענ אָנ די קינדער
אונ דאָס אויבסט זיי שטארק געפעלט, —
פרייענ זיכ די גוטע גערטנער,
אונ דאָס פּאַנעמ בא זיי קוועלט:

רייַסט אונ טרייסלט אָפּ די פּרוכטנ!
זאפט אונ זיסקייַט — האָניקווייַנ.
ווענ איכ מויל שוינ קאָנ ניט קריכנ —
שטופּט איכ קעשענעס אַרייַנ!





## ווי קאָנען זיי וואקסן?..

ווי קאָנען זיי וואקסן
אָן זון און אָן שײַן?
ווי קאָנען זיי וואקסן
און קרעפטיקע זײַן?

איך מיין די בארסוקלעך
די קליינע, אין וואלד,
וואָס טיף אין דער נאָרע
די מאמע זיי האלט.

זי לאָזט זיי באטאָג דאָך
אין וואלד ניט ארויס.
אין וואלד גייען יעגערס,
זיי כאפן זיי אויס.

די יעגערס, זיי דארפן
די פעלעכלעך בלויז.
די מוטער וויל אָבער
ניט לײַדן, און אויס!

זי דארף זיי, זי דארף זיי
אינגאנצנ אליינ.
זיי וואקסנ אינ נארע
אי קרעפטיק, אי שיינ.

אונ טאמער באדארפ מענ
א קאפעלע זונ,
איז אויב מע באדארפ נאר,
איז קאנ מענ עס טאנ. —

דערופ איז די מוטער
אוואדע ניט פויל,
פאמעלעכנ כאפט זי
דאס קינד אינעמ מויל.

אונ טראגט עס אינ דרויסנ,
אינ וואלד אפ דער פריש.
א דארט, ווו די זונ איז
מיט שאטנ געמישט.

זי שטעלט זיי, די קליינע,
אונ זי לעבנ זיי.
אונ ווענ זיכ דערווארעמט, —
איז ווערט א געשריי:

„האָפּ, האָפּ!״ —,
בא קליינע בארסוקלעך
פארדרייט זיך דער קאָפּ,
פון זון, פון די שטראַלן
פארדרייט זיך דער קאָפּ.

זיי ווילן ניט מערער,
סע בריט זיי, סע שטיקט! —
דערשרעקט זיך די מוטער —
און שלעפּט זיי צוריק.

זי פרווּט זיך פארכאַפּן
צו צוויי מיטאמאָל.
אין נאָרע איז בעסער,
ס׳איז קיל און סע שמאָל.

ס׳איז שמאָל און ס׳איז פינצטער,
ניטאָ דאָרט קיין זון, —
וואָס דארפן בארסוקלעך
נאָך בעסער דערפון!





# דער גאָלד-זשוק

דער גאָלד־זשוק איז פרײלעכ,
א גליק האָט געטראָפנ:
ער איז פונ דעם פראָש הײַנט
א גאנצער אנטלאָפנ.

עס האָט הײַנט די זשאבע
פארשלונגענ אימ... שיר...
קוים מיטנ לעבנ
אנטלאָפנ פונ איר!

איז לויפט ער איצט פרײלעכ
נאָכ רויפּנ אינ גאָרטנ. —
איז טרעפט ער נאָר קלײנינקע

הײַנט עסנ קלײנע?
די קלײנע הײַנט? נײנ!
שפאנט ער זײ איבער —
לאָזט װײַטער זיך גײנ.

סע פינקלענ די טויענ
מיט אלערלײ פארבנ,
סע גײט מיט א טענצל
דער גאָלד־זשוק אפ ארבעס.

אונטער די גראָזנ —
איז טונקל אונ קיל.
איבער די גראָזנ —
איז זונ אזוי פיל.

פאראנ אנטער גראָזנ
טונעלנ אונ װעגנ.
האָט ער דאָרט, דאפקע,
באקענטע באגעגנט. —

אָבער מיט קײנעם
קײנ שמוס ניט פארפירט.
נאָר מיט די װאָנסעס
קוים יעדנ בארירט

„די רויפּן די גרויסע
אַליין וויל איך פּאַקן!
די גרויסע, די גרעסטע —
אַליין וועל צעקנאַקן!

שוואַרץ איז מײַן בײַכל,
ס׳ע גלאַנצט אויך די הויט!
גאָלד — מײַנע פליגל,
די פיס מײַנע רויט!"

דערזעט ער א רויפּע
א גרויסע, א גראָבע,
איז וויל ער זי נעמען —
דערשרעקט ער זיך אָבער.

„אזעלכע באַדאַרף איך!
אזא איז א גליק!"
וויל ער זי נעמען,
נאָר כאַפּט זיך צוריק.

דרייט זיך דער גאָלד־זשוק
אַרום זײַן ביסן.
ער הייבט זיך, ער בלאָזט זיך,
נאָר קאָן ניט [illegible]

איז ער געלאָפֿן,
דרײַ זשוקעס געבראַכט,
האָט מען איינפֿירן
דעם אָנפֿאַל געמאַכט.

האָט מען איינפֿירן
די רויפֿע געכאַפּט,
האָט מען איינפֿירן
די רויפֿע צעקלאַפּט.





## לעמל נאשער

1

איך קען א יינגל לעמל,—
א פײַער — נישט קיין יונג,
מיט רוכישע צוויי אייגלעך,
א גלעקעלע די צונג.

דאָס היטל אָן א דאַשעק,
דאָס מײַלכל — אָן א שלאָס,
ער קוואקעט, ווי א פרעשל,
ער פּלאפּלט אָן א מאָס.

ווי קוועקזילבער — די פיסלעך,
זיי שווינדלען הין און הער,
נאָך גיכער, ווי דאָס קעצל,

ברנו, איז ער א נאשער,
א ווילער פינגער־לעק!
ער האָט א קונציק נעזל —
און דאָס האָט א געשמעק!

באהאלט פון אים זײַן מאמע,
דאָרט עפּעס אפּ אן אָרט,
דערשמעקט ער באלד און נישטערט,
און ער געפינט עס פאָרט.

2

א זומער, אך, א זומער!
גערעטעניש א גרויס,
אָט, גאנצע בערג מיט פרוכטן,
און פולע שטאלן אויבס.

מע זײַערט און מע פּרעגלט,
געזײַערטס, אײַנגעמאכטס,
מע איז פארטאָג אין פּרעגלעכץ
פון פרי פארטאָג ביז נאכט.

סע זידן פּײַערפאנען,
דער דרויסן לעבט און ראשט,
אָט אין די טעג האָט לעמל
אווא, האָט ער גענאשט!

סײַ פלוימענ, עפל, בארנ,
סײַ קאווענעס אונ נאָכ,
אײַנגעטונקט אינ פרעגלעכצ
איז ער די גאנצע וואָכ.

האָט אויכעט לעמלס מאמע
מיט אלעמ גלײַכ אזוי,
האָט זי דאָרט אָפגעפרעגלט
אנ אײַנגעמאכטס א סלוי.

אונ גוט פארמאכט, פארבונדנ,
אונ אײַנגעשנורט מיט שטריק,
פארוקט ווײַט אפ דער הרובע,
גאָר ווײַט פונ לעמלס בליק.

איז וואָס? האָט זי באהאלטנ,
נו, ווער זשע דארפ אימ דענ?
סע ווייסט פונ גאָרניט לעמל,
וואָס ווייכט ער וואָס, דער ברענ?!

נאָר אײנמאָל, ווענ זײַנ מאמע
אפ ארבעט איז אוועק,
האָט ער אליינ געשפילט זיכ,

ער קערט דאָס טישל איבער,
ער טענצלט אפּדערגיך,
ער בינדט צום בעט א האנטעך,
און הוידעט, הוידעט זיך.

ער כאַפּט די קאַץ, די געלע,
און טוט איר אָן א בריל,
ער כאַפּט דער מאַמעס קליידל,
און טאנצט מיט קאַץ קאַדריל.

ער שלעפּט ארויס א קאָסטל
און מאַכט פון דעם א באָל, —
ער וואַרפט אים, ביז אַפ הרובע
סע טוט דער באָל א פאַל.

איז טוט א הייב זיך לעמל,
ער טוט א קוק: אוי, אוי! —
סע שטייט דאָרט אַפ דער הרובע
גאָר איינגעמאַכטס א סלוי.

ער כאַפּט א באַנק צום הרובע,
א בענקל אַפ דער באַנק,
א בענקעלע אַפ בענקל —
און לעמעלע דערלאַנגט.

האָפּ, און נישט געציטערט,
און גרינגער פֿון אַ שטרוי,
ער זיצט שוין אויף דער הרובע
באַגלײַך שוין מיטן סלוי.

אָט בינדט ער אויף דאָס שטריקל,
און ווערט פֿאַרשוויצט, פֿאַרברענט,
און אינעם סלוי אַרײַן איז,
אַזוי, מיט בײדע הענט.

ער כאַפּט און לאַפּט און קוויקט זיך,
ער גיסט און שלינגט און לעקט,
סע קלעפּט זיך אים דאָס פּאָנעם,
סע ווערט מיט רויטס באַדעקט.

און אַז סע ווערט אים נימעס
איז קוקט ער גלאַט אין זאַפּט,
דער זאַפּט איז ווי אַ שפּיגל,
ער זעט זיך דאָרט און גאַפּט.

ער קרימט זיך, דרייט די פּיסקעס,
און טוט מיט מויל אַ קלונג,
ער שטופּט דעם קאָפּ צום שפּיגל,
אַ לעק טאָן מיטן צונג.

3

און לעמל האָט א כאַוועך,
איז הײַסט ער דאָדעק גריג,
דער דאָדעק לײ׳נט שוין ביכלעך,
איז גאָרניט גלײַך צו אים!

אָט קומט ער פונעם לערנען,
און ס׳פאַלט אים טאַקע איין:
פאַרוואָס זאָל כאַוועך לעמל
גאָר הײַנט אין שול ניט זײַן?

ער גייט אַרײַן צו לעמלען,
ס׳איז קיינער דאָרט נישטאָ,
און ערשט אין קיך דערהערט ער,
אַז עמעצ איז דאָרט דאָ.

ער קומט אַרײַן פּאַמעלעך,
גאָר שטיל און שטיל אַזוי,
און ער דערזעט דאָרט לעמלען
גאָר מיטן קאָפּ אין סלוי.

סע שטיקט אים א געלעכטער,
נאָר האַלטן האַלט זיך אײַן,
סע פאַלט אים איין א שפּיצל,—
ער גייט גאַנץ שטיל אַרײַן.

דאָס בענקעלע באלד כאפּט ער,
דאָס בענקל אונ די באנק,
ער שטעלט אוועק זיי וויַטלעכ,
גאנצ שטיל אונ אָנ א קלאנג.

4

סע ווייסט פונ גאָרניט לעמל,
איז ווייסט אָבער די טיר,
זי טוט זיכ שטיל א זיפגע,
זי טוט זיכ שטיל א ריר.

איז גיט א כאפּ זיכ לעמל,
סע נעמט אים אָנ א שרעק: —
„אוועקגערוקט די בענקלעכ
אזש גאָר אינ צווייטנ עק“.

דאָס אויסגעשמירטע פּאָנעם,
וואָס איינגעקלעפּט אינ זאפּט,
סע רירט זיכ, קרומט זיכ וויינענ,
סע שרעקט זיכ, דרייט זיכ, גאפּט.

ער שפּארט זיכ אָנ בא וו טלעכ,
אונ וואָרפט אראָפּ א בליק: —
„ווי הויכ! ווי הויכ!“ דערשראָקנ
ער כאפּט זיכ אפּ צוריק.

א בליפ און בליפ און בליפעט,
און באלד צעזעמט זיך גאָר,
מיט ביידע נאַסע הענטלעך
אַריין זיך אין די האָר.

ער קוקט צום טיר און בניקעט —
זאָל עמעצער אַריין!..
ער נעמט דעם סלוי ארומעט,
און דרעמלט שטיל זיך איין.

ער דר-עמלט, מיטן קעפל
זיך אָנגעשפּאַרט אין סלוי,
סע באָלעמט זיך א באָלעם
און ס'איז אים גוט אזוי...

דערווייל קומט ווידער דאָדעק,
דער קליינער דאָדעק גרין,
און באלד א בעוורע יינגלעך
אַריין אין שטוב נאָך אים.

מע האלט זיך בא די מיילער:
„שש... שטיל און שטיל זאָל זיין",
זיי בייגן זיך און קרומען,
און האלטן זיך קוים איין.

מע נעמט זיך פאַר די הענטלעך,
מע ציט זיך פאַר אים אויס,
און מיטאַמאָל פאַר לעמלען
מע שיסט אַ ליד אַרויס:

„אוי, לעמל, לעמל, נאַשער,
אָט האָסטו דיר אַ פּסאַק,
אוי, קום אַראָפּ, מיר האָבן
מיט איינגעמאַכטס אַ זאַק!“

סע גיט אַ כאַפּ זיך לעמל,
דאָס הערצל טוט אַ גרים,
ער טוט אַ פלי פון הרונ.ע,
און ס'פליט דער סלוי נאָך אים





# קאַבאַקעס

אפֿן גרויסן גאָרטן,
אפֿן געלן פֿעלד,
איז בא דער באָבע שלאַק
אויסגעוואַקסן דער גרעסטער קאַבאַק.

קנישעס וועט זײַן אָן א סאָף
פֿאַרן גאַנצן דאָרף.
מע וועט באַקן און באַקן
און די קערלעך
קיינמאָל ניט דערקנאַקן.

גייט די באָבע דעם קאַבאַק
צום בײַדל אַריבערפֿירן —
קאָן זי אים ניט רירן.
שטופּט זי, דרייט זי, די באָבע,
און פֿאַרלירט א שקראַבע.

לויפט צו דער ווידע צום קאַבאַק
און זאָגט:
„אַזאַ מין נעמט מען אין אַ זאַק".
און ער באַשפּײַט די הענט
און טוט זיך אַ פאַרנעם צום קאַבאַק —
ווערט באַלד זײַן העמד צעקנאַקט!

קרעכצט די באָבע:
„קכאַ-קכאַ,
געזען אַ קאַבאַק אַזאַ!
כאָטש לאָז אים דאָ ליגן, דעם בער,
און ברענג אים דאָס בײַדל אַהער!"

און דער ווידע קרעכצט פאַרשעמט:
„אומזיסט, אומנישט צעקנאַקט דאָס העמד".

פּלוצעם וואַקסט אַ כעוורע אויס.
און אײנער אַ יאַטל —
אַזוי די גרויס —
שרײַט:
„אָט אַ קאַבאַק!
באָבע, מיר וועלן דיר העלפן אים שיילן,
און דו וועסט מיט שטיקלעך
אונדז אַלע באַטיילן".

דאָ האָט די באָבע געזאָגט פאַרטראַכט:
„כ׳וואָלט אײַך אפילע נאָך קנישעס געמאַכט,
נאָר... כ׳קאָן אים ניט רירן פון אָרט!״
איז דער יאַטל אוועק צום געצעלט,
און געבראַכט א האַק,
און האַקט און האַקט אין קאַבאַק,
און צעקנאַקט.

פאַר פרייד האָט די באָבע
פאַרלוירן די צווייטע שקראָבע.
פאַרגעסן אָן העמד האָט דער זיידע,
זיי האָבן א נעם געטאָן ביידע,
און מיט הענט און מיט זאַק
איבערגעטראָגן דעם גאַנצן קאַבאַק.
אָנגעפילט די מולטער אין דער שטוב,
און פאַר דער שטוב א פולע גרוב.
אַזוי פיל איז געווען קאַבאַק.

פאַר מענטשן אָבער
איז ער ניט געווען געשמאַק.
נאָר די קו און די כאַזיירים
האָבן דעם קאַבאַק
געריסן פון די פינגער.
אַלץ באַלעקט זיך מיט די צינגער.

און ניט געקענט פארגעסן גאָר.
און קלאָר:
זיי האָבן דעם קאבאק געפּרעסן
קימאט א פערטל יאָר.





## אַמאָל איז געווען

איך געדענק די אַלטע צײַט
כאָטש זי איז שוין גראָ און ווײַט,
און מיט שטויב, מיט מאָך באַדעקט,
און פון קאָפּ ווי אויסגעמעקט.

נאָר סע טוט אַמאָל אַ נאָג
יענער לאַנגער אַרבעטטאָג:
איך, אַ וועוורק נאָך אַ ווילדער,
באַ דער זײַט איך זע די בילדער

פון די אייגענע, די פרעמדע.
פון די טעג, ווי אַלטע העמדער,
טוט אַ צי פון גרויער ווײַט,
פון מײַן קינדערש-[illegible] צײַט

* * *

... אונדזער שטיבל אפֿן בערגל,
אויסגעצויגן, גלײַך סע לויפֿט,
פֿון דרײַ זײַטן: ווינט און שליאכן,
פֿון דער פֿערטער: איציקס הויף.

ווער ס'איז איציק? — פּאָשעט איציק.
דער, וואָס האלט דעם גרויסן דראטש.
דער, וואָס האָט געפּאטשט מײַן טאטן,
און דערנאָכדעם מיך געפּאטשט.

איך געדענק א קאלטן ווינטער,
מיט א כעוורע שטארקע פֿרעסט,
שניי אף שניי און ווינט אף ווינטן,
פֿעלדער גלאט, ווי אויסגעפּרעסט.

אף די דערפֿער זײַנען שנייען,
אָנגעהויקערט שאכט אף שאכט.
פֿענצטער זײַנען שטארק פֿארהוכקעט.
די קאָנורקעס שטארק פֿארטראכט.

דעמבעלעך מיט ווײַסע פּאכוועס,
ביזן גאַרטל אזש פֿארשנייט,
העט, באַם הימל אײַנגעקריצט זיך,
העט, א דערפֿעלע דאָרט שטייט.

און סע פליסט שוין ניט דאָס טײַכל,
און די דײזשקע כאַפּט אַ פריר.
שוועלן ווערן פראָסטיק, העכער, —
פראָסטיק, סקריפּענדיק די טיר.

שלעפּט די מאַמע אַרויס די פּוישטן,
טוט אַ קרעכץ „שוין דאָ אַ לאַך".
נעמט מײַן איטקע זי פאַרלאַטען,
שטעלט לאָפּאַטע גרויסן שטאָך.

הייצט די באָבע אײַן דעם אויוון,
פלאַמט קורײַ־גראָז מיט אַ קנאַק,
שײַנט איר פּאָנעם פאַרן אויוון,
און סע פלאַמט בא איר אַ באַק.

פריילעך ברענט דאָס שטרוי אין אויוון.
טרײַבט דעם פראָסט צוריק, צוריק.
דורך די שויבן פלאַמט דער מיזרעך
אין אַ ליכטיקן באַשליק.

אַך, מײַן באָבע, ליבע באָבע,
אָפּגעהאָרעוועט אַ וועלט!
קיינמאָל ניט קיין זאַטן ביסן,
שטענדיק פעלט און פעלט און פעלט...

גלײַך זי האָט אַפּ זיך גענומען
כאָוועס טעכטער, כאָוועס זין
צוליב איציקס דעם דראַטשניק,
פאַר דער קיך און דראַטש־מאַשין.

בײַ די קינדער וואַקסן קינדער,
אײניקס קלײנע, יאָדער־קלײן.
וואָס זשע איז דאָס איציקס אײסעק,
וואָס ער קוקט זײ אין די צײן?!

ווי מע וואַקסט, און ווען מע יאָרט זיך,
צען איז גוט, איז גראָד די צײַט:—
„כ'נעם זײ צו, נו יאָ, פאַרשטײט זיך,
איך וועל מאַכן פון זײ לײַט!...”

בײַ דעם פײַער שטײט מײַן בערל,
וואַרעמט אָנעטשעס פון זעק.
פּאַקט אין שמאַטעס אים די מאַמע,
לויפט ער באַלד צום דראַטש אַוועק.

דאָרטן אַרבעט ער בײַם פּרעס-שטײן,
יאָגט דאָס פערד און אים מע יאָגט.—
פאַר דער שווערער אַרבעט קריגט ער
זיבן קאָפּעקעס אַ טאָג.

און א צוגאָב — אויגנווייטעק,
ווערט אנשלאָפּן, ווי ער שטייט.
טוט אים מאמע אויס און ברומקעט,
און זי שעלט זיך שטילערהייט.

אָט, פון אויוון, רוקט די באָבע,
מאמעלייַעס רויט־פארפלאמט.
זי באַגיסט מיט אייל מיט פרישן,
ווערן זיי ערשט רעכט באטאמט!

קריך איך גיך אַריין אין הייזלעך,
פּיץ־פּיץ־פּאַץ! — אפּגיך א וואש.
ס'איז שוין שפּעט, אָפּ די מאלייַעס
לויפט שוין אום מיט אייל די פלאש.

גיט די באָבע צוויי מאלייַעס,
בריט אין הענט — א וואָרפּ, א וואָרפּ:
„מיט אזעלכע, נו, פארטרייַבן
קאָן מען פראָסט פון שטאָט און דאָרף!"

שוין פארוקט דעם הייסן אויוון,
שוין פארשטעקט די קוימען־לאָך,
אָפּגעבראָטן צען קארטאָפליעס,
פלעצלעך גראָבע אָפּ א וואָך.

האָט די מאמע פעט פארפוצט זיכ:
טראנטעס, שמאטעס, דאכט, א שאָק.
נאָר פארהוסט זי זיכ א ביסל,
טוט זי אָנ באלד נאָכ א ראָק.

שלעפט זי זיכ, דאָרט הינטער הײַזער,
היט זי פרעמדנ סקלאד געהילצ.
אונ זי דארט אינ ווײַסער קרירע,
ווערט אלצ בלויער, בלוי, ווי מילצ.

בלײַבט די באָבע, בלײַבט מײַנ איטקע,
איכ מיט זיי: „דער קלײנער שנעק“.
איטקע נעמט דאָס קלײד פאריכטנ,
איכ, אנ אלעפבייז איכ קלעק.

רוימט די באָבע אופ אינ קיכל,
כאפט דעמ זאָק, אונ טוט א לויפ,
וואַרפט פונ זיכ אראָפּ די שקראבעס,
אפנ אויוונ קריכט ארויפ.

זאָגט מיר: „לייבל, נעמ מײַנ שאלכל,
טו זיכ אָנ אינ מײַנע שיכ,
טראָג אָפּ בערלענ דרײַ מא[illegible]ײַעס.
זײַ א װױלער, לויפ אפגיכ“.

אוי, ס'איז קאַלט מיר" — קווענקל איך זיך, —
כ'וויַיז אָפּ איטקען: „זי... זי מעג..."
זע איך נאָר נאָך איין מאַליַיטשיק, —
לאָז איך זיך איַין שווערן וועג...

לופט איז האַרב און בייז איַן דרויסן,
שטאַרקט דעם וויַיסן שניי און סמאַלט, —
נאָר דער באָבעס שאַל — ער שיצט מיך. —
פון דער קרירע מיך באַהאַלט.

כ'שלעפּ די גרויסע, האַרטע שקראַבעס,
זיַינען קאַלט, זיי ווערן גרוי,
ס'קילן אָפּ מיַין בערס מאַליַיעס,
און זיי ווערן טויט אַזוי.

כ'זע דאָ לאַנגע רינווע־צעפּלעך,
אויסגעשמידט פון פראָסט, פון קעלט.
צעפּלעך־בערד און צעפּלעך־פּאַטלעס,
הוילע צעפּלעך איז די וועלט.

אוי, מיַין נאָז, מיַין נאָז, מיַין נעזל,
ס'הייבט אָן טריפן, ווי אַ טיַיך,
נאָך איין סמאַליע — ווערט עס צעפּלעך
מיט די רינווע־צעפּלעך גליַיך...

כ׳גיב אָפּ זײַנס דעמ ברודער בערלענ.
קײַט ער גיכ און קײַט געשמאק. —
דאכט, סע קײַענ אויכ די שרויפּנ,
קײַענ, סקריפּענ מיט א קנאק.

כ׳לויפ אהיימ, ס׳איז קאלט, איכ ציטער,
רײַט דער פראָסט מיר אפּ דער נאָז.
טרייסלענ זיכ די הענט די רויטע,
און די אויערנ שטײַפ, ווי גלאָז.

כ׳קריכ ארופּ אפּ הייסנ אויוונ,
מאכט דער פראָסט דאָ ניט קיינ שטיק,
כ׳נעמ זיכ פלעצל און צעלייג זיכ, —
ווער נאָכ האָט אזא מינ גליק!..

באָבע דרייט מיט אירע שפּיזלענ,
איטקע גייט א בארג, א טאָל.
„באָבע, באָבע, נו, דערציייל זשע!"
„אמאָל, אמאָל איז געווענ, אמאָל..."

„ס׳איז אנומלט שוינ א שיינער, —
הייבט די באָבע טדויריק אָנ, —
ס׳איז א הונגער־יאָר, א יאקרעס,
ס׳ברעכט א ביינ, און קלאפּט א צאָנ...

אָרעמעלײַט אין זעלכע יאָרן,
וואָס? — קאַדאָכעס גיט זיי קעסט.
נאָר די גווירים אַרט עס ווייניק, —
האָבן האָט מען, און מע עסט.

און מײַן טאַטע איז אַ נעמען,
איז אַ נעמען אין אַ מיל.
ביטער איז אונדז, ווײַל מע מאָלט ניט,
אַלץ איז אָפּגעשטעלט, סע שטיל.

הייבט די טיר אָן אָפּטער סקריפּען,
קיצווע בעט שוין יענער, דער.
...אַ פּאָר הויזן פאַר אַ בייגל,
אַ קאַרטאָפליע פאַר אַ שער!

פינעפ גילדן אַ וואָגן דראָנגעס,
שטרוי אַ בינטל — אַ פּיאַטאַק.
טוט מען אָן דעם אַלטן מאַלבעש,
אַלטן לאַפּטיקנאַש*) און „סאַק".

נו, איז איצט אַ וואַסערפירער,
הייסן הייסט ער אַזוי איצט,
ר'האָט פאַרמאָגט אַ ווײַב און קינדער
און אַ פּאָנעם אַ צעקריצט.

---

*) אַן אַלטמאָדישער מאַלבעש.

ר'האָט פאַרמאָגט א ברודיק פערדל:
בלינד און קרום, אָן עס, אָן האָר, —
פון באַגינען ביז שטאָק־פינצטער
פלעגט דערגייען דעם די יאָר.

ס'האָט געשלעפּט דאָס פוילע פעסל
אויף דער קרומער, בייזער אַקס.
און די רעדער — ווי שיכורים,
זיך געדרייט, געקניפּט אין פלאַקס.

איז דאָס גוטע יאָר געקומען. —
האָט געטראָפן אים אין קאַרב:
בא אזא מין נויט און הונגער, —
נו, — כאַטש צי זיך אויס און שטאַרב!

ר'איז געווען דערצו א כוילע,
גאָר באַדאַרפט דאָס שטיקל פלייש.
און געהיקעט — היקעט ביטער, —
אויף באַשלאָגן פלעגט א שווייס.

איז געגאַנגען, דעם קאָפּ אַפּריער,
זיך געוואָרפן, ווי א פיש,
און געטייַנעט היקעוואַטע:
„כאָ־אָ־ט־ט טש נעם א קנאָ־ב־ל
ר־ר־דייַב אין טיש!"

היקעוואטערהייט דערציילט ער,
ווי די קינדער מאָנען ברויט,
ווי סע שאָקלען זיך די ציינדלעך,
ווי סע בלאָטערט זיי די הויט".

★

גראָער ווערט דער דרויסן, גראָער.
זאָגט אונדז צו א בייזע יאָך.
און דער הימל בלינדלעך, קוקט ער,
ווי מע האקט אין בוג א לאָך.

פאַר בעהיימעס א פּאָלאָנקע
שלאָגט מען אָפּ אין טייך באַם אייז.
האַקן העקערס, שפּרינגען שטיקער, —
ביז דער בוג אן אויג באַווייזט.

טרינקען, קוויקן זיך בעהיימעס:
ווער סע כליפּנשעט, ווער סע זופּט,
וואַר'מע פּיסקעס אומגעדולדיק
אינעם אייז־וואַסער מע שטופּט.

אפֿן פענצטער וואַקסן וועלדער,
אין די וועלדער הערשט דער פראָסט.
נאָך אן אינדיק — יאָגט א יעגער,
און א טרעגער טראָגט די פּאָסט.

און די באָבע ברומקעט אונטער,
וואשט און פארעט דאָס געפעס.
אפנ קוימען טריקנען שקראבעס, —
טריפן טרערן פון די נעז.

און מײַן איטקע ווארפט דאָס נייען,
שטעקט די נאָדל אין א פאלד.
גייט פארפרוירן צו צום פענצטער:
צו די כײַעלעך אין וואלד.

טוט א קוק און כאפט דאָס פלעשל,
לויפט אפ גיך נאָך קעראָסין.
דאָ אין דרויסן, גריסט דער פראָסט זי,
בלויע ווײַטן, גרוי און גרין.

ענגער טוליע איך זיך, ענגער,
צו מײַן באָבעס לינקער זײַט.
אָט, זי רוימט שוין ביט, זי זיצט שוין,
די מאכשאָווע טראָגט זי ווײַט.

בייגט זי זייער אײַן די פלייצע,
און פארשנירט דאָס דינע מויל.
טונקל, טונקל פון איר פאָנעם
קוקן שווארצע אויגן־קויל.

עפּעס ווײסנ זיי אוואדע,
אָט די אויגנ, — טיפ אונ ווײַט, —
וואָס א מענטש איז, וואָס א הארצ איז,
פארוואָס אָרעמ, פארוואָס רײַכ?

האָט א ווינט זיכ אופגעהויבנ,
ווינט א ווילדער האָט דערוואכט.
אינעמ קוימענ פײַפט, יעלאָלעט,
זאָגט אונדז צו א ווילדע נאכט.

קומט ער, בערל, פונ דער ארבעט.
פּעט דאס אָנטאָנ, וואָס ער טראָגט.
טרוקנ זײַנע ברייטע ביינער,
מידקײַט אינ די ביינער נאָגט.

טרוקנ זײַנע ברייטע ביינער,
פּעט איז נאָר זײַנ שמוציק העמד.
אָבער פריילעכ ווערט אינ קעלער,
ווענ צומ וואשנ זיכ ער נעמט.

הייסע וואסער גײַט די באָבע,
ר׳לאָזט ארײַנ די הענט, ווי טעצ.
הענט, ווי פויקער־טעצ — זיי פּליעשטשענ, —
ווערט אינ טאצ א יויכ מיט פעטס.

פאַנעם, קאָפּ און האַלדז־און־נאַקן
גיבן אָפּ פון וואַך דעם קוויס.
בערל קומט אַרויס פון קיכל,
גרויס און פריש, צעפּאַרעט־רויט.

שוואַרצער קאָפּ מיט שרונט מיט ווײַסן,
העמד מיט לאַגן, ערשט געפּרעסט.
ברייטע באַקנביינער בלייַען,
פריש געגאָלט און מוסקול־פעסט.

טראַכט די מאַמע: „קיין בייז אויג ניט...
און פון וואָס, מישטיינסגעזאָגט?
פון קוליש מיט פלעצל שיַינט ער,
פון די מאַסעס, וואָס ער טראָגט?"

און זי קאָן ניט, קאָן ניט ליַידן
איטקעס כאַווערטעס, די שלעק, —
וואָס זיי וואַרפן אַף אים אייגלעך,
אומדערוואַרט און אומגעפרעגט...

שטעלן זיך אַריַין כאַוויירים:
באַנדערס, שמידן, לייט פון מיל.
איז דער מאַמען ווידער פריקרע,
טאָמער קוקן זיי צופיל

אפּ איר איטקען, די יונגאַטשעס,
„נאָר מע רעדט צו איר, מע לאַכט".
איז די מאמע פול מיט אומרו,
פריקרע-אומעטיק פאַרטראַכט.

נאָר די באָבע איז צופרידן:
פריילעך איז די קינדער, גוט.
אָפּגעמעקט פון זיי די זאָרגן,
אופגעוועקט אין זיי דער מוט.

טיילט זי אַלעמען מאַלייעס,
הייסע קערלעך שטעלט פאַר זיי.
קיינער זאָל ניט זען, כאַפּט זי
ברענגען וואַסער, שטעלן טיי.

ניט אַ קינד דערופּ צו שיקן,
ניט צעשלאָגן זיי דעם שמור׳ס,
אַלע וואָלטן זיי געלאָפן,
ווען זיי וואָלטן נאָר געוווּסט.

באָבעס פּאָנעם אַזש פאַרוויטלט,
דאַרע האַנט די קאָרבע קוועטשט.
שלעפּט פון ברונעם שווערן עמער,
וויגט זיך און עס פאַלן פּלעשטש.

גיכער... פריילעך איז אין שטיבל,
מונטער שמועסט דאָרט די כאַווריי
איילט זיך מיטן עמער וואסער, —
זי האָט ליב צו זיין דערביי.

ס'קומט אריין א לאנגער כאַוועער —
קורץ דאָס שטיבל ווערט, — פּאָטאָפּ.
ער דערציילט ווי בא די שניידער
שוין די שטריקבּרעכער צעקלאפּט.

שוין צעקלאפּט און שוין צענעריקט.
באלעבאטים צוגעפּרעסט.
אונדזערס וועט מען זיך דערשלאָגן,
איינס נאָר — האלטן זיך און פעסט...



# א י נ ה א ל ט

